METRO
J - 966

# ISRAEL, ISRAEL
# ישראל, ישראל

Words and Melody
BY
AARON LEBEDEFF

Arranged for Voice and Piano
by
PHILIP LASKOWSKY

As Sung by the Eminent Stage and Radio Artist



AARON LEBEDEFF




Price 35 Cents

Printed in U.S.A.

64 SECOND AVE.
NEW YORK

# ISRAEL, ISRAEL

(ISROEL, ISROEL)

Words and Music by
AARON LEBEDEFF

*Arr. by Philip Laskowsky*

Andante

*mf*

VOICE

*ad lib.*

Is - ro - el Is - ro - el Du main hei - lig land Is - ro - el Is - ro -

*p*

el Is - ro - el Du main ei - gen land Is - ro - el. Far

dir heim du main: Far dir land du main Iz



Made in U.S.A.

rit.

kain zach nit tai-er In va-ser un fa-ier Bin Ich greit tzu gein - far

rit.

REFRAIN

dir.

Is - ro - el, Is - ro - el

Moderato

REFRAIN

Du vest le - ben du vest bli - hen Is - ro - el, Is - ro - el

Am Is - ro - el chai. chai.

1.

2.

*f*

*Fine*

VERSE

Host main folk ge - nug ge - li - ten In dain le - ben shpot un shand.

I - be - ral ge - ven a frem - der ohn a heim un ohn a land.

Itzt bis - tu shoin mer kain frem - der Fel - ker ho - ben dich a - ner - kent,

Host an ei - ge - ne me - lu - che Un Cha - im Weitz - man Pres - i - dent.

D.S.

# ישראל, ישראל

ווערטער און מעלאָדיע פון **אהרן לעבעדעף**

אַראַנזשירט פון **פּ. לאַסקאָווסקי**

ישראל, ישראל, דו מיין הייליג לאַנד ישראל,
ישראל, ישראל, דו מיין אייגען לאַנד ישראל,
פאַר דיר, היים דו מיין,
פאַר דיר, לאַנד דו מיין,
איז קיין זאַך ניט טייער,
אין וואַסער און פייער
בין איך גרייט צו גיין פאַר דיר.

ר ע פ ר י י ן :
ישראל, ישראל,
דו וועסט לעבען, דו וועסט בליהען.
ישראל, ישראל,
עם ישראל חי.

1

האָסט מיין פאָלק גענוג געליטען,
אין דיין לעבען שפּאָט און שאַנד,
איבעראַל געווען אַ פרעמדער
אָהן אַ היים און אָהן אַ לאַנד.
יעצט ביסטו שוין מעהר קיין פרעמדער,
פעלקער האָבען דיך אַנערקענט,
האָסט אַן אייגענע מלוכה,
און חיים ווייצמאַן פרעזידענט.
רעפריין . . .

2

פילע שונאים ווילען שטערען
אונזער לאַנד צו ווערען פריי,
כאָטש עס פאַלען דאָרט קרבנות,
איז פאַר אונזער לאַנד כדאַי
ווייל, ווי געהט דאָס אידיש ווערטעל,
וואָס אַיעדער קען פון לאַנג —
וואָס מען זייעט אַמאָל מיט טרערען
שניידט מען נאַכער מיט געזאַנג.
רעפריין . . .

3

לאַך זיך אויס פון די אַראַבער,
לאַך זיך אויס פון דעם ישמעאל,
וועסט זיי אַלע איבערלעבען,
וועסט נאָך הערשען ווי אַמאָל.
די הויפּט זאַך נאָר, פאַרליר קיין מוט ניט,
מיט בטחון האַלט דיין פאַן,
וועסט אייביג עקזיסטירען,
זיין אַ אידישע נאַציאָן.
רעפריין . . .

4

די הגנה, די אירגוניסטען,
בראַווע קעמפער פון ישראל,
ווערען אין דער געשיכטע בלייבען
די מאַקאַבייער פון אַמאָל.
ווייל מיט זייער מוטה און גבורה
פירען זיי פאַר אונז דעם קריג,
קעפּ פון שונא ווערען פאַלען,
און ברענגען ווערען זיי אונז דעם זיג.
רעפריין . . .

5

גענוג אייך אידען קינות זאָגען,
און תעניתים פאַסטען מעהר,
ווייל אין מלחמה צייט די זאַכען
איז געגען שונא קיין געווער.
אום די שונאים צו פעריאָגען
גיך פון אונזער לאַנד,
דאַרף מען ניט קיין קינות זאָגען,
נאָר אַ ביקס נעם אין דיין האַנט.
רעפריין . . .

6

אידען פילט זיך ניט פאַרלאָרען,
זייט נאָר מוטיג, שטאַרק אין כוח,
ווערען מיר די אַלע שונאים
איבערלעבען גיך נאָך אויך.
אויך די וואָס שמייכלען צו אַראַבער
און צום איד אַזוי געמיין,
זיי, צוזאַמען מיט דעם מופטי,
ווערען אויכעט אונטערגעהן.
רעפריין . . .

